# דיא וועלט האט זיך איבער-געקערט

איין ערציילונג פון לעבען.

פון

י"ל אסטרינסקי.

ווילנא

שנת תרס"ט לפ"ק

ДИ ВЕЛТЪ ГОТЪ ЗИХЪ ИБЕРЪ ГЕКЕРТЪ.

Свѣтъ перевернулся. Разсказъ І. Л. Остринскаго.

Соб. изд. Л. Л. Маца.

HARVARD
UNIVERSITY
LIBRARY

658

## 1.

# שוין ניט וויא געוועזן

„זאג מיר דוד וואס איז דאס מיט דיר ? נאר דוא געהסט ארום פערקלארט און פערטראכט, און אז איך פרעג דיר דיא פריטשינע פון דעם ; וועהסטע זיך שטענדיג ארויס צו מאכען, און פערלייקענסט דיא ריכטיקייט פון מיר„ ?

„ווער זאגט דאס דיר אבער יוסף אז איך ענטפער דיר ניט דיא ריכטיקייט ? איך האב שוין געזאגט און זאג דיר נאך אמאל, אז מיין פערטראכטקייט איז נאר צו ליב דעם, וואס איך האב שוין לאנג קיין בריעף ניט ערהאלטען פון דיא עלטערין״ .

„ניין דוד ! דוא וועסט מיר ניט איין ריידען ; עס האט דאך שוין פיל מאהל געטראפען, דאס דוא האכט אלאנגע צייט קיין נאכריכט פון צוא הויזע ניט געהאט, און דאך פלעגסטו ניט זיין אזוי אומעדיג און פערטראכט וויא איצט, דא מוז געוויס זיין איין אנדער פריטשינע״ ;

איך פערשטעה דיר ניט יוסף ׃ וואס [illegible] פאר אייז אנדערער פריטשינגע קלעהרסטע זיך וועגען דעם ?

פון וואנען קען איך מרעפען וואס ביי דיר אין הארצין — אדער אין די געדאנקען — קומט פאר . נאר דאס איז ביי מיר גיכער ווי געווים , אז מיט דיר טהוט זיך עפעס וואס דו ווילסט בעהאלטען פון מיר .

דוד האט געשוויגען , אונ ווי עס האט אויס געוויזען , האט ער איצט וועגען עפעס זיך שטארק פערטראכט .

„דו שווייגסט דוד . — האט יוסף ווייטער אנגעפאנגען — דו שווייגסט . אונ ווילסט ניט זאגען די ריכטיגקייט פאר מיר פאר דיין יוסף . — פאר דיין איבער — געגעבענסטען בעסטען פריינד . פע דוד , עס איז אגרויסע עוולה פון דיר , ניט אזוי בעמיהט מען זיך , ניט אזוי פיהרען זיך אמתע גוטע פריינד , דו זינדיגסט דוד , זינדיגסט זעהר שטארק געגען אונזער אלטע פריינדשאפט .

„אבער וואס ווילט זיך דאס דיר אזוי וויסען וואס מיט מיר איז ? האט אם־ענדע דוד זיך געווענדעט צו זיין פריינד" .

יוסף האט איניגע מינוטען ווי פערוואונדערט אן געקוקט דודס געזיכט , ווי עס האט אויס געוויזען . האט איהם שטארק געוואונדערט זיין פראגע , אונ איבער הויפט דער קאלטער טאן מיט וועלכען די פראגע איז איז געפרעגט געווארען . אונ האט ענדליך געזאגט . . . :

„דוד ! אין דעם נאמען פון אונזער אלטע יוגענד

פְרַיינְדְשַׁאפְט, בֶּעשְׁווֶערֶע אִיךְ דִיר, אַז דוּא זָאלְסְט מִיר זָאגֶען. דִיא רִיכְטִיקַייט צוּ הָאט עֶפֶּעס וֶוער עֶס אִיז פִילַייכְט נִיט גֶעוואוּסְט קַיין אִינְטְרִיגֶע צוּ וִוישֶׁען אוּנְז. אִיךְ בֶּעמֶערְק שׁוֹין לַאנְג... אַז וִויא דוּא בִּיסְט צוּא מִיר שׁוֹין נִיט וִויא גֶעוועֶען. וִויא דוּא זוּכְסְט נָאר אוּים צוּא מַיידֶען. מַיין גֶעזֶעלְשַׁאפְט. מַיין גֶעגֶענְוַוארְט. וִויא דוּא הִיטְסְט אוּנְ עֶפֶּעס וִויא דוּא צֵיילְסְט דַיינֶע ווֶערְטֶער אַלְס דוּא רֶעדְסְט מִיט מִיר. אִיךְ הָאבּ אָבֶּער אַלְץ גֶערֶעכִינְט אַז אִיךְ הָאבּ אַיין אִידְטְרוּם אַז מִיר דַאכְט זִיךְ נָאר אוּים אַזוֹי. דֶען אִיךְ וֵויים דָאךְ יֶע אַז אִיךְ בִּין דִיר דֶער זֶעלְבֶּער גוּטֶער פְרַיינְד וִויא אַלְלֶע מָאהל. נָאר אִיצְט זֶעה אִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ קַיין טָעוּת נִיט גֶעהַאט, אַז דַיין פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ מִיר אִיז טַאקֶע קֶעלְטֶער גֶעווָארֶען.

„אוּנ אִיךְ זָאג דִיר יוֹסֵף אַז דוּא הָאסְט טַאקֶע אַטָעוּת גֶעהַאט. אַז דוּא קְלֶעהְרְסְט שׁוֹין אִיבֶּער וִויא מִיא זָאגְט אִיבֶּערִין קָאפּ. דֶען אִיךְ פִיהל זִיךְ קַיין שׁוּם פֶערְעֶנְדֶערוּנְג נִיט. אִיךְ בִּין דִיר דֶער זֶעלְבֶּער גוּטֶער פְרַיינְד וִויא שְׁטֶענְדִיג. וִויא אַלְלֶע מָאהל. נָאר אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה נִיט דַיין אוּים דְרִיק, „אַז נָאר אִיצְט הָאסְטוּ זִיךְ אַרוּם גִיזֶעהֶען, אַז דוּא הָאסְט פְרִיעֶר קַיין טָעוּת נִיט גֶעהַאט״ דַאכְט זִיךְ מִיט וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר דָאס בֶּעווִיזֶען אִין אוּנְזֶער גֶעשְׁפְּרֶעךְ״?

„דוּא פְרֶעגְסְט נָאךְ מִיט וָואס! — הָאט יוֹסֵף מִיט אַיין אַבִּידְנֶעם טָאן גִיעֶנְטְפֶערְט — וִויא אִיךְ זֶעה הָאסְטוּ דוּד

גָאר אַגְרוֹיסְסֶען טָעוּת אִין מִיר וֶוען דוּא רֶעכִינְסְט פַּאקְקֶע
אַז מִיא דַארְף מִיר אַלְץ אוּיס טַייטְשֶׁען, אוּנ אוֹיפִין וואוּנְק
פֶערְשְׁטֶעהֶע אִיךְ גָאר נִיט...

נַיין דוּד! וֶוען דוּא וָואלְסְט מִיר רֶעכֶענֶען פַאר דֶעם זֶעלְבִּיגֶען
יוֹסֵף פַאר דֶעם זֶעלְבִּיגֶען גוּטֶען פְרַיינְד וִויא בִּיז אִיצְט, וָואלְסְטוּ
מִיר בָּאמַאלְסְט גֶעווִיס נִיט גֶעמַאכְט דַיין פְרַאגֶע, וָואס וִוילְסְט
זִיךְ דָאס דִיר אַזוֹי וִויסְסֶען וָואס מִיט מִיר אִיז? דֶען וֶוען צְווַייא
וַואהְרֶע גוּטֶע פְרַיינְד זָאלֶען זִיךְ נִיט אִינְטֶערֶעסִירֶען אַיינֶער
אִין דֶעם צְווַייטִינְס לַאגֶע, טוּא וֶוער זָאל זִיךְ שׁוֹין בֶּעזָארְגֶען
פַארִין צְווַייטֶען? אִיז דָאךְ מֶעהְר נִיט, אַז דוּא רֶעדְסְט מִיט
מִיר וִויא מִיא זָאגְט "מִיט פִינְטֶעלַאךְ" אוֹיפִין וואוּנְק רִיכְטִיגֶער
גֶערֶעט, דוּא וִוילְסְט מִיר בֶּעווַייזֶען מִיט דַיין פְרַאגֶע, אַז
אִיךְ בִּין דִיר שׁוֹין נִיט דֶער זֶעלְבֶּער יוֹסֵף וִויא גֶעווֶען, גְלַייבּ
מִיר אָבֶּער דוּד, מִיר אוֹיף מַיין עֶהְרֶען וָואָרְט, אַז אִיךְ בִּין
נִיט פַאלְשׁ, אַז מִיא הָאט נָאר פִילַייכְט גֶעמַאכְט אַיין פָאדְלֶע
אִינְטְרִיגֶע צוּ ווִישֶׁען אוּנְז. אוּנ אוֹיף דִיר לִיגְט דִיא פְלִיכְט אַז
דוּא זָאלְסְט מִיר זָאגֶען, וָואס דָא טְהוּט זִיךְ, אַז דוּא זָאלְסְט
מִיר אַלְץ עֶרְקְלֶעהְרֶען, וֶוען דוּא זָאגֶעוֶעסְט נָאר צוּ רַייסֶען,
דֶעם פְרַיינְדְשַׁאפְט בּוּנְד"...

"נוּא גֶענוּג שׁוֹין דִיר צוּ פְהִילִיזָאפִירֶען, אוּנ צוּ טְרַאכְטֶען
אִיפֶּערִין קָאפּ — הָאט דוּד אוּיס הֶערֶענְדִיג יוֹסֵף'ס רֶייד זִיךְ
בֶּעמִיהֶעט צוּ לַאכֶען — זַייא רוּהִיג. קַיינֶער הָאט צוּ ווִיסֶען
אוּנְז נִיט גֶעמַאכְט קַיין אִינְטְרִיגֶעס, אוּנ מִיר זַיינֶען דִיא זֶעלְבֶּע
פְרַיינְד וִויא גֶעווֶען"

"זָאג קַיין לִיגֶען נִיט דוּד. —

האט אויך יוסף געלאכט ארויף ליינענדיג זיין רעכט, דאנק אויף דוד׳ס מיל, — פרובירט זיך ניט איין געוועהנען, צו ליידען פאלש. דוא וועסט מיר ניט איין שמועסען, דען איך בין דאך דאכט זיך ניט קיין בלינדער, אונ זעה פארט אז עס איז שוין ניט וויא געוועזען, אונ אבוואהל, דוא ווילסט מיר איצט פערלייקענען דיא וואהרהייט. נאר איך האפע אז מיט דער צייט וועט אלץ קלאהר ווערען.

## 2.

## צוויא קערפער אונ איין זעלע.

יוסף אונ דוד זיינען געבארען אונ ערצויגען געווארען אין דער קליין שטעטיל „זאדולאק״ זייערע עלטערין זיינען געוועזען זעהר בעפריינדעט צו זיך, אונ האבען זיך געשטארעט דיא זעלבע פריינדשאפט איין צו פלאנצען אויך אין דיא הערצער פון זייערע קינדער אונ זייערע מיהע איז ניט אוועק אומזיסט, וואס זייא האבען פערלאנגט דאס האבען זייא פאלקאם ערגרייכט, נאר מעהר וויא ביי אללע איבעריגע קינדער פון די ביידע פאמיליעס, איז געוועזען צו זעהען די פריינדשאפט ביי יוסף מיט דוד׳ן, אזוי אז דיא „זאדולקער״ פלעגען זיך שטענדיג אויס דריקען וועגען זייא. „אז זייא זיינען ביידע וויא צוויא קערפער אונ איין זעלע.

יוסף וויא אויך דוד האבען ערהאלטען זעהר איין גוטע ריכטיגע ערציהונג, זייערע עלטערען, — וועלכע האבען זיך

אויס גֶעצֵייכֶענְט פוּן דִיא אִיבֶּערִיגֶע ,זאדוּלקער' אִין דֶעם פַּאךְ פוּן בִּילְדוּנְג אוּנ קִינְדֶער עֶרְצִיהוּנְג , — הָאבֶּען נִיט גֶעזַאלֶעוועט קַיין גֶעלְד אוּנ מִיה , אוּנ הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג גִיזֶעהֶען אִיבֶּער צוּ גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אִין אַזֶעלְכֶע הֶענְד , וֶועלְכֶע פֶערְשְׁטֶעהֶען אוּנ ווייכֶען , וָואס דִיא פְּפְּרִיכְט פוּן קִינְדֶער עֶרְצִיהוּנְג . . . אוּנ אָבְּוָואהל דִיא בֵּיידֶע קִינְדֶער הָאבֶּען נִיט גִיהֶערְט אַלֶערְלַייא זִידְלֶערַייעֶן , אוּנ הָאבֶּען נִיט פֶערְטְרָאגֶען אַזוֹ פִיל קְלֶעפּ , וִויא דִיא אַלְלֶע אִיבֶּערִיגֶע קִינְדֶער אִין זֵייעֶרֶע יָאהרֶען , פוּן דִיא זאדוּלקער פְּעדַאגָאגֶען . . . דָאךְ הָאט זַייא דָאס פוּן דֶעסְט וָועגֶען נִיט גֶעשְׁטֶערְט , זִיךְ צוּ עֶנְטְוִויקְלֶען קֶערְפֶּערְלִיךְ וִויא אויךְ גַייסְטֶערְלִיךְ . פִילְלַייכְט נָאךְ פִיל בֶּעסֶער וִויא דִיא עֶרְמָאנְטֶע גֶעשְׁלָאגֶענֶע קִינְדֶער . . .

אוּנ אִין דֶער צַייט וָואס זֵייעֶרֶע אַבְרֵים , הָאבֶּען זִיךְ עֶרְוואוּסְט אִין זֵייעֶרֶע חֲדָרִים , פוּן אַלֶערְלַייא דוּמֶע אוּנ נַארִישֶׁע שְׁרֶעקֶען , פוּן אַלֶערְלַייא ,מַלְאֲכֵי חַבָּלָה' ,שֵׁדִים' ,מֵתִים' אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע וִויכְטִיגֶע גֶעגֶענְשְׁטֶענְדֶע . . . אִיז אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט , הָאבֶּען דוד מִיט יוסף זִיךְ עֶרְוואוּסְט , פִילֶע פִילֶע זַאכֶען פוּן זֵייעֶר אִידִישֶׁע פָּאלְק , פוּן דִיא אִידִישֶׁע גֶעשִׁיכְטֶע , פוּן דִיא אִידִישֶׁע גְרוֹיסֶע וִויכְטִיגֶע מֶענֶער , פוּן דִיא אִידִישֶׁע שְׁטֶענְדִיגֶע אוּמְזִיסְטֶע צָרוֹת . . . שְׁטַארְק זֶעהר שְׁטַארְק הָאבֶּען זִיךְ אַיין גֶעוָוארְצֶעלְט דִיא אַלְלֶע יְדִיעוֹת אוּנ דִיא יוּנְגֶע קִינְדִישֶׁע גֶעדַאנְקֶען , זֶעהר הַיים אוּנ וַוארֶעם הָאט זִיךְ פֶערְפְלַאנְצְט דִיא לִיבֶּע צוּ זֵייעֶר פָּאלְק אִין זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע הֶערְצֶער , אוּנ אַלְס יוסף מִיט דוד'ן זַיינֶען שׁוֹין צַלְט גֶעוָוארֶען צוּ דְרַייצֶעהן יָאהר , אוּנ זֵייעֶרֶע עָלְטֶערֶען הָאבֶּען זַייא צוּא

וויסטען געגעבען , דאס זייא דיינקען זייא צו שיקען סטודירען ערגענץ וואו אין .אגימנאזיע׳ האבען דאמאלסט דיא ביידע קינדער קורץ גיענטפערט , .אז זייא פיהלען עפעס קיין חשק ניט צום סטודירען אין אגימנאזיע, אונ עס וואלט גלייכער גיוועזן דיא אללע גענענשטענדע פון גימנאזיע זיך לערנען דורך לעהרער צו הויזע

זייערע עלטערען האבען געפונען פאר נייטהיג צוא צו נעמען אזעלכע ריכטיגע ווערטער פון זייערע קינדער , אונ האבען דארום זיך בעשלאסען צוא ערפיהלען זייער פערלאנג , דאס הייסט זייא בילדען דורך פריוואטע לעהרער .

דוד מיט יוסף׳ן זיינען שוין אלט געוואָרען צו אכצעהן יאהר . אונ האבען זיך זעהר ענטוויקעלט גייסטערליך אונ קערפערליך , אונ מיט דעם צו זאממען האט זיך אויך ענטוויקעלט אונ געשטארקט זייער אלטע קינדערשע פריינדשאפט . זייערע הערצער זיינען גיוועזן אפען איינע פאר דיא אנדערע , אונ יעדער פון זייא האט געפיהלט אז ער וואלט זיך פיהלען זעהר עלענד אן צווייטען , אונ מען קען זיך פארשטעלען דוד׳ס פערצווייפלונג , אלס יוסף האט איהם פלוצלונג בענאכריכטעט , דאס ער דיינקט אין קורצען אב צו פאהרען קיין .שאווערע׳ אום זיך צוא ערלערנען דיא קונסט פון בוך־האלטעריע , צו וועלכע ער פיהלט אגרויסע נייגונג . — .וויא וועל איך דאס לעבען אהן דיר מיין פריינד׳ — האט דוד וויא עפעס זיך געפיעשעט פאר יוסף׳ן — .מענסט מיר גלויבען יוסף , אז מיר וועט אן דיר קיין זאך ניט זיין ליעב . גיב מיר איין עצה וואס זאל איך איצט טאן .

פאתר	דיא [illegible]

„פֿאָדער אויך מיט" – האָט יוסף קורץ גיענטפֿערט .
„אונ וואָס וועל איך דאָרטען טאָן ?
„דוא וועסט זיך אויך לערנען דיא בוך האַלטעריע.
„אַיי טאַקע ביסט גערעכט" .

– האָט דוד פֿרייליך אויס געשריען . – זאָ גלייך וויא יוסף וואָלט דאָס עפּעס פֿאַר איהם ענדעקט גאָר אַיין נאַיעס אויפֿקלערער – „איך פֿאָהר מיט , איך פֿאָהר מיט" .

שוין ביינאַהע דרייא מאָנאַטען , וויא דיא ביידע גוטע פֿריינד לערנען זיך אין שאוורע דיא בוך-האַלטעריע , זייא זיינען ביידע געשטאַנען אויף איין קוואַטיר , אונ האָבען זיך זעהר פֿלייסיג איבער געגעבען צו זייער לערנונג. נאָר עפּעס גאָר פּלוצלונג האָט מען גיקענט , בעמערקען אַגרויסע פֿערענדערונג אין דוד'ן , ער האָט עפּעס אָנגעפֿאַנגען זיך אָפּט צו פֿערטראַכטען , וואָס דאָס האָט איהם זעהר געשטערט צו מאַכען דיא אויף געגעבענע „אויפֿגאַבען" אויך צו זיין בעסטען פֿריינד יוספ'ן האָט ער עפּעס פֿערלאָרען דיא צו טרויאונג אונ פֿלעגט שטענדיג זוכען אַיין געלעגענהייט איהם אויס צו מיידען; יוספ'ן האָט דאָס וויא געוועהנליך – זעהר געוואונדערט אונ וויא מיר האָבען שוין ניהערט , האָט ער אויך געפֿרעגט ביי דוד'ן דיא אורזאַכע פֿון דעם אויף וואָס ער האָט ניט בעקומען קיין ריכטיגען אַנטוואָרט , דען פֿאַר איך ליבע לעזער מאַג איך דאָך אויס זאָגען דעם סוד. אַז אין דעם איז שולדיג נאָר זייער נאַיע בעקאַנטע „גיטיל פֿיינבערג" .



דיא וועלט גיטיל

3.

# אַ מָאדְנֶער חַאַרַאקְטֶער.

ניטיל פיינבערג, איז בֶּערִיהמְט בַּייא אִיהרֶע אַלְלֶע בֶּעקַאנְטֶע, מִיט אִיהר שֵׁיינְהַייט, אונ גוּטְסקַייט, אִין דֶער צייט וָואס אוּנְזֶער גֶעשִׁיכְטֶע פַאנְגְט זִיךְ אָן, אִיז זִיא שׁוֹין אַהִיבְּשֶׁעס פְרַיילִין אוּמְגֶעפֶעהר אַיָאהר 19 אונ יֶעדֶע אוֹיג וָועלְכֶע עֶס הָאט אִיהר נָאר עֶרְזֶעהְן, הָאט וִוירְקְלִיךְ נָאר זַאט נִיט גֶעקֶענְט וָוערֶען קוּקֶענְדִיג אוֹיף אִיהר.

אִיהר קְלָאהר — שְׁנֵייא וַוייסֶעס גֶעזִיכְט אִיהרֶע הִימְמֶעל בְּלוֹיעֶ גוּטֶע אוֹיגֶען. אִיהר גְלַייכֶער סְטרוֹינֶער קֶערְפֶּער, הָאבֶּען עֶפֶּעס. וִויא מִיט אַמַאגְנֶעט צוּ גֶעצוֹיגֶען צוּ זִיךְ. יֶ׳דֶע פִיהלֶענְדֶע הַארְץ.

אונ צוּ דִיא אַלְלֶע קֶערְפֶּערְלִיכֶע מַעֲלוֹת, הָאט זִיךְ נָאךְ ניטל אוֹיס גֶעצֵייכֶענְט, מִיט זֶעהר אַגוּטֶע מִיט לַיידֶענְדֶע הַארְץ. זִיא הָאט זִיךְ קַיין מָאהל נִיט עֶנְטְזַאגְט פוּן צוּ הֶעלְפֶען אָרֶעמֶע גֶעדְרִיקְטֶע זִיא הָאט נִיט גֶיקֶענְט זֶעהֶען וֶוען יֶעמַאנְד וויינְט. פֶערְגִיכְט טְרֶערִין בַּייא אַזֶעלְכֶע פֶעלֶע פְלֶעגֶען אוֹיךְ אִין אִיהרֶע שֵׁיינֶע אוֹיגֶען זִיךְ בֶּעווייזֶען צְוֶויא טְרָאפֶּענְס טְרֶערֶען. אונ דַארוּם אִיז שׁוֹין נָאר קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס זִיא אִיז אַזוֹי גִישֶׁעצְט אונ גֶעאַכְטֶעט. בַּייא אַלְלֶע אִיהרֶע פְרַיינְד אונ פְרַיינְדִינֶען.

אַיין גְרוֹיסְסֶען פֶעהלֶער הָאט זִיא נָאר גֶעהַאט אִין זִיךְ. גֶעמְלִיךְ אַט דָאס. וָואס אִיהר הָאט זִיךְ זֶעהר גֶעוָואלְט. דָאס

אַלֶּע אִידֶרע בֶּעקַאנְטֶע מוּשְׁטְשִׁינֶעס זָאלֶען זִיךְ לִיבֶּען אִין אִיהר. הָאט זִיא זִיךְ נָאר בֶּעקַאנְט מִיט אֵיינֶעם. הָאט זִיא שׁוֹין גִיזֶעהֶען מִיט אַלֶּע קְרֶעפְּטֶען מִיט אַלֶערְלֵייא חֵיינְדֶערלַאךְ אוּנ קַאקֶעטְסְוָוא. דָאס זִיא זָאל פַאנְגֶען יֶענֶעמְס הַארְץ, אוּנ אִיהר פְרֵייד אוּנ פֶערְגֶענִיגֶען אִיז גָאר גֶעוֶוען אוּמְבֶּעשְׁרֵייבְּלִיךְ. וֶוען זִיא הָאט זִיךְ עֶרְוואוּסְט דָאס זִיא הָאט עֶרְרֵייכְט אִיהר צִיהל. דָאס יֶענֶער שְׁלָאפְט שׁוֹין קֵיין נֶעכְט נִיט צוּ לִיבּ אִיהר.

אָט דִיא זֶעקְבֶּע גוּטֶע גִיטִיל וֶועלְכֶע אִיז דַאכְט זִיךְ גִיוֶוען פֶערְטִיג זִיךְ אוֹיף צוּ אָפְּפֶערִין פַארִין צְוֵוי יָטֶען. וֶועלְכֶע הָאט נִיט גִיקֶענְט צוּ זֶעהֶען יֶענֶעמְס שְׁמֶערְצֶען. יֶענֶעמְס לֵיידֶען; אָט טַאקֶע דִיא זֶעלְבֶּע גִיטִיל, פְלֶעגְט זִיךְ גָאר פִיהלֶען הֶעכְסְט גְלִיקְלִיךְ אוּנ צוּ פְרִידֶען. וֶוען יֶעמַאנְד הָאט נָאר גֶעלִיטֶען צוּ לִיבּ אִיהר, צוּ לִיבּ דֶעם וָואס זִיא הָאט גֶעפַאנְגֶען זַיין הַארְץ. זִיא הָאט גֶעמָאנְט וִויסֶען דַאס יֶענֶער לַיידֶעט אוּנ מוּטְשֶׁעט זִיךְ אוֹיף דִיא הֶעכְסְטֶע שְׁטוּפֶּע; דָאס עֶר עֶסְט נִיט אוּנ טְרִינְקְט נִיט. אוּנ גֵייט אַרוּם וִויא צוּ מִישְׁט. דִיא אַלֶּע זַאכֶען הָאבֶּין אִיהר גָאר נִיט גֶעהַארְט. זִיא הָאט זִיךְ פוּן דֶעם גָאר נִיט גֶעקִימֶערְט. אִין גֶענֶענְמֵיהייל — וִויא מִיד הָאבֶּען שׁוֹין גֶעזָאגְט הָאט דָאס נָאךְ אִיהר פֶערְשַׁאפְט פִיהל פֶערְגֶענִיגֶען. זֶעלְבְּסְט פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ אַז דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלְכֶע הָאבֶּען נָאר גֶעוואוּסְט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען פֶעהלֶער אִיהרֶען. הָאבֶּען זֵייא זִיךְ שְׁטַארְק גֶעוואוּנְדֶערְט. אוּנ גָאר נִיט גִיקֶענְט פֶערְשְׁטֶעהן. וִויא קוּמְט דָאס צוּ אִיהר אַזַא שְׁלֶעכְטִסְקַייט; אַזַא פָּאדְלֶעקַייט. וִויא קֶענֶען דָאס דַאכְט זִיךְ פֵייעֶר מִיט וַואסֶער שְׁטִימֶען צוּ זַאמֶען;

אָט אַזוי פְּלֶעגֶען פְרֶעגֶען בּייא זִיךְ אַלַיין . דִיא וָועלְכֶע הָאבִּין נִיט גִיקֶענְט דִיא גִיטלען . דִיא וָועלְכֶע הָאבִּין גֶעוואוּכְּט אִידר גוּטֶע אוּנ שְׁוַואכֶע זַייטֶע . אוּנ עֶס קֶען זַיין . אַז אַייךְ לִיבֶּע לֶעזֶער אוּנ לֶעזֶערִינֶעס . וואוּנְדֶערְט אויךְ דִיא זֶעלְבֶּע פְּרַאגֶע . אַז אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט אויך נִיט וָואס דָא טְהוּט זִיךְ . אוּנ דַארוּם וָועל אִיךְ זִיךְ נִיט פוילֶען . חָאטְשׁ אִין קוּרְצֶען אַייךְ אִיבֶּער צוּ גֶעבֶּען גִיטילס בִּיאָגְרַאפְיֶע וָואס דַאמָאלְסְט וָועט אַייךְ שׁוֹין אַלְץ קְלָאהר וָוערֶען .

גִיטִיל פיינבערג אִיז מַאקֶע אַגֶעבָּארֶענֶע פוּן „שַׁאוְורֶע„ אִיהרֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין זִיךְ גֶעצֵיילְט צוּ ווִישֶׁען דִיא רַייכֶע קְלַאסְסֶע . דֶען זֵייא הָאבִּין גֶעהַאט אַגְרוֹיסֶען מַאנִיפַאקְטוּר גִישֶׁעפְט . וָועלְכֶער הָאט זֵייא גִיגֶעבֶּען גוּטֶע אַיינְטְרָאג . אָט צוּ דֶעם מַאנִיפַאקטוּר גִישֶׁעפְט . זֵיינֶען זֵייא גִיוָוען אִיבֶּער גִיגֶעבֶּען מִיט אַלֶע כּוֹחוֹת מִיט אַלֶע קְרֶעפְּטֶען . זִיךְ גָאר נִיט בֶּעזָארְגֶענְדִיג וָועגִין דִיא עֶרְצִיהוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע קִינְדֶער צוּ ווִיסְסֶען וָועלְכֶע דִיא אִינְגְסְטֶע אִיז גֶעוֶועזֶן אוּנְזֶער הֶעלְדִין גִיטִיל .

אָבְּוָואהל זֵייא הָאבֶּען קַיין גֶעלְט נִיט גֶעשְׁפָּארְט אוּנ הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג גֶעהַאלְטֶען פַאר גִיטְלֶען דִיא בֶּעסְטֶע לֶעהְרֶער פוּן „שַׁאוְורֶע„ אָבֶּער מַאקֶע מֶעהר נִיט ווִיא מִיט דֶעם , הָאט זִיךְ גִיעֶנְדִיגְט זֵייעֶרֶע גַאנְצֶע עֶרְצִיהוּנְג , זִיךְ אַיין דְרִינְגֶען טִיפֶער אִין גִיטִילס חַאַרַאקְטֶער אוּנ גֶעדַאנְקֶען , זֶעהֶען וָואס דָארְטֶען קוּמְט פָאר , וָואס טְרַאכְט אוּנ דֵיינְקְט זֵייעֶר לִיבּ קִינְד , אָדֶער צוּ בֶּעזָארְגֶען זִיךְ וָועגֶען דֶעם , מִיט וָועמֶען זֵייעֶר קִינְד שְׁלִיסְט פְרַיינְדְשַׁאפְט , וָוער עֶס זֵיינֶען אִיהרֶע בֶּעקַאנְטֶע ,

מִיט װֶעמֶען זִיא פֶערְבְּרֵיינְגְט דִיא צַייט , אָט דִיא אַלֶע פַארְזִיכְטוּנְגֶען הָאבֶּען אִיהרֶע עֶלְטֶערֶען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען — אָדֶער פִילַייכְט קֵיין צַייט נִיט גֶעהַאט צוּא לִיבּ דֶעם גֶעשֶׁעפְט — פָארְצוּגֶעמֶען . . .

אוּנ אַזוֹיא הָאט זִיךְ אוּנְזֶער גִיטִיל אִין דֶער צַייט װָאס זִיא הָאט גֶעהַאט גוּטֶע טְרַייֶע עֶלְטֶערֶען , — װֶעלְכֶע הָאבֶּען אִיהר גֶעלִיבְּט מִיט דִיא גַאנְצֶע קְרֶעפְטֶען פוּן "קִינְדֶער לִיבֶּע" — פוּן דֶעסְטְװֶעגֶען זִיךְ פָארְט עֶרְצוֹיגֶען אָהנֶע עֶלְטֶערֶען . . . אָהן װֶעג װַייזֶער , אָהן בֶּעזָארְגֶער . . . הָאבֶּען גִיטִילס עֶלְטֶערֶען נָאר גֶעזֶעהֶן , אַז מִיט זֵייעֶר קִינְד פֶערְבְּרֵיינְגְט , אוּנ פְּרִינְצֶעסְסִין אִין טְהִיאַטֶער , עֶפֶּעס אֵיינֶער אוֹיךְ אַקִינְד אִין גִיטִילס יָאהרֶען , נָאר פוּן רַייכֶען שְׁטַאנְד , אִיז שׁוֹין גֶעװֶען גֶענוּג פַאר זֵייא , הָאבֶּען זֵייא דַאמָאלְסְט שׁוֹין נִיט נָאךְ גֶעפָארְשְׁט , פִילַייכְט קֶען שַׁאדֶען זַיין גֶעזֶעלְשַׁאפְט אוֹיף גִיטֶלען , פִילַייכְט קֶען עֶר מִיט זַיין גְרָאבֶּען חַארַאקְטֶער װִירְקֶען אוֹיף אִיהרֶען , גַיין ! דָאס הָאט דִיא גֶעטְרַייֶע עֶלְטֶערֶען גָאר נִיט גֶעקִימֶערְט , דֶען עֶס אִיז נִיטָא קֵיין צַייט , װֶעגֶען אַזֶעלְכֶע קְלֵיינִיקַייטֶען זִיךְ צוּ בֶּעזָארְגֶען , מֶען דַארְף הַיילֶען אִין מַאנִיפַאקְטוּר גֶעשֶׁעפְט . . .

אוּנ דָארְטֶען אִין טְהִיאַטֶער , זִיצְט זִיךְ גִיטִיל מִיט אִיהר יוּנְגֶען קַאװַאלֶער , — װֶעלְכֶער װֶען פוּנְדֶעסְטְװֶעגֶען װִיא דִיא גְרוֹיסֶע בֶּעװוּסְטֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע קַאװַאלֶערֶען , . . . — שִׁיטֶען מִיט אַלֶערְלֵייא

קאמפּלימענטען מיט אַלערלייא פּאַלשע און פּרעכע רייד, גיטילס יונגע האַרץ װערט גאָר בּרײטער װיא ליינגער, עס איז עפּעס אַזױא גוט צו זיצען און הערען קאָמפּלימענטען, דאַכט זיך, אַז זיא װאָלט שטענדיג אַזױא געזעססען. . . ;

גיטיל איז געװאַקסען, זיא האָט זיך ענטװיקעלט קערפּערליך. איהר שײנהײט האָט אויף געבליהט און פּאַללען פּראַכט, און נאָך מעהר געבילדעטע קאַװאַלערען, נאָך מעהר קאָמפּלימענטען געבּער, זיינען אַריין אין איהר "קרושזאק" זייא האָבּען איהר אויף געהייבּען װיא מען זאָגט "ביזען הימעל" װיא געטרייע קנעכט זיינען זייא געװעזען בּערייט צו ערפילען איהר קלענסטען װואונש, איהר קלענסטען פערלאַנג, אין גיטילס האַרץ האָט זיך דאַן פּערפּלאַנצט אַמאָדנער װילען, אַ איבּער נאַטירליכער פערלאַנג, זיא האָט אַן געפאַנגען שטאַרק צו סטאַלצירען, "מיט איהרע שײנע טײבּילשע אויגען" מיט איהרע "ראָזע װאַנגען" מיט דיא אַללע מעלות, מיט װעלכע איהרע פילע קאַװאַלערען האָבּען איהר בּעשײנקט, דער נאָמען "געטין" מיט װעלכען דיא פּוסטע פּאָדלע קאַװאַלערען פלעגען איהר שטענדיג אָנרופען אָט דער נאָמען האָט איהר מאָדנע זיסס אָנגעפאַנגען צו קלינגען אין דיא אויערען, װיא אַגעטין האָט זיך איהר טאַקע פערגלוסט צו זיין מיט איהר שיינקייט. אַז אַלע זאָלען פאַלען און זיך ערנידריגען,

אר איהר קוק, פֿאר איהר קלענסטע מינע, אונ אַנדערש קען מען גאר ניט פערלאַנגען פֿון גיטלען, זיא איז נעבאך ניט שולדיג, עס מוז זיך שוין איהר אַזוי וועלען. דען אייך ליבע לעזער איז דאך געווים בעוואוסט, אונזער קעניג שלמה׳ס ווערטער "חנוך לנער על פי דרכו גם כי יזקין לא יסור ממנה"... (זויא דוא ערציהסט דיין קינד אַזויא וועט ער פערבלייבען).

# 4.

## אומזיסטע פֿיינדשאַפט.

אָט מיט דיא אויבען בעשריבענע גיטלען, האט זיך דאס מיט אַצופֿאל בעקאַנט אונזער העלד "דוד".

גיט-ל האט איהם – וויא איהר געוואהנהייט – אויף גענומען מיט דיא גרעכטע פֿרייהייט, אונ פֿריינדשאַפט, אונ האט איהם געבעטען דאס ער זאל אָפטער בעזוכען זייער הויז.

דוד האט מיט פערגעניגען ערפילט איהר וואונש. אונ איז געוואָרען אין פֿיינבערגס הויז גאר איין אָפטער גאסט.

אונ וואס מעהר ער האט פערבראַכט מיט גיטלען, האט איהם אַלץ שטאַרקער געצויגען צו זיין אין איהר נעגענוואַרט, צו הערען, איהרע פֿריינדליכע ווערטער, צו זעהן, איהרע שיינע הימעל בלויע אויגען וועלכע קוקען אויף איהם עפעס אַזויא וואַרעם אַזויא ליב.

ווען דוד וואלט זיך גוט צו געקוקט צו גיטלס פֿידרונגען,

אונ וואלט געזעהן, דאס זעלבע ווארעמע ליבליכע בליקען, בעשיינקט זיא איהרע אלע בעקאנטע. איז פערשטעהט זיך אז דאמאלסט וואלט איהם געווים ניט אזוי געצויגען אין פיינבערגס הויז, ער האט דאס אבער ניט בעמערקט. איהם האט זיך געדאכט אז אזויא קוקט זיא נאר אויף איהם, אז ער איינער איז דאס נאר אזא גליקליכער געליבט צו ווערען פון דיא שיינע גיטלען, אונ דער געדאנק האט איהם געמאכט איבער גליקליך; ער האט געפיהלט וויא אין זיין הארצען האט זיך עפעס אריין געחאפט נאר אנייער מאדנער געפיהל, וואס ער האט דאס קיין מאהל אין "זאדולאק" ניט געפיהלט. ריכטיגער גערעט. ער האט געפיהלט דאס ער איז שטערבליך פערליבט אין דיא שיינע גראציאזע גיטלען.

אונ חאטש—וויא מיר ווייסען — איז דאך זיין הארץ. זיינע אלע געפיהלען שטענדיג געווען אפען פאר זיין יונגער פריינד יוסף-ן, נאר דאך האט ער ניט ערציילט פון זיין ליבע פאר איהם, ווארום? אויף דיא פראגעס האט ער אליין קיין רעכענונג זיך ניט געקענט געבען.

ער האט נאר ערציילט פאר יוסף-ן דאס ער האט זיך בעקאנט מיט איין אום-נאטירליכע שיינהייט, אונ ווען ער פערלאנגט וועט ער איהם אויך בעקענען, אונ געוואהנליך, האט זיך יוסף זעהר אינטעריסירט צו זעהן דיא "אום-נאטירליכע שיינהייט" אונ איז אלזא אין קורצען אויך געווארען איין איינגעהער אין פיינבערגס הויז.

ניטיל האט אויך יוסף-ן אויף-גענומען זעהר

פְרַיינְדְלִיךְ, אוּיךְ מִיט אִיהם הָאט זִיא גֶעלַאכְט פוּן פוּלֶען מויל, אִיהרֶע בְּרֶענֶענְדִיגֶע שַׁיינֶע בְּלִיקֶען הָאבֶּען זִיךְ אָפְּטֶער אָב גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זַיין גֶעזִיכְט, אוּנ דוד הָאט שׁוֹין אָנְגֶעפַאנְגֶען חֲרָטָה צוּ הָאבֶּען, וָואס עֶר הָאט גָאר אִיהם בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט מִיט אִיהר, וָואס עֶר הָאט מִיט זַיינֶע אַייגֶענֶע הֶענְד, זִיךְ אַוֶועק גֶעלֵייגְט אַשְׁטֵיין אִין וֶועג.

אוּנ הָאטְשׁ יוסף הָאט גָאר אִין זִינֶען נִיט גֶעהַאט, צוּ לִיבֶּען גִיטלען, אוּנ מֶען קֶען נָאךְ זָאגֶען, אַז עֶר הָאט אִיהר כִּמְעַט וִויא פֶערְהַאסְט, וַוייל עֶר הָאט גְרַאדֶע יֶע עֶרְקֶענְט אִיהר שְׁוַואכֶע זַייטֶע... נָאר אוּנְזֶער פֶערְלִיבְּטֶען דוד—ן הָאט אוֹיס גֶעוִויזֶען, אַז אוֹיךְ זַיין יוסף אִיז שְׁטֶערְבְּלִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, זַיין לִיבֶּע גִיטלען, אוּנ דָאס גְלַייבֶּען אִיז זִיא פַאר יוֹסף—ן. אוּנ דָאס הָאט אִיהם שְׁרֶעקְלִיךְ עֶרְצִיטֶערְט, אוּנ אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן גֶעדוּלְד, וִויא אַהֶעדִישֶׁער פַייעֶר הָאט זַיין כַּעַס גֶעבְּרֶענְט אוֹיף זַיין בִּיז אִיצְטִיגֶען בֶּעסְטֶען פְרַיינְד, חָאטְשׁ דוד אַלֵיין הָאט גַאנְץ גוּט גֶעוואוּסְט אַז עֶר בֶּעגֶעהט מִיט זַיין כַּעַס, מִיט זַיין אוּמְזִיסְטֶען הַאס, אַ אוּם—פֶערְצֵייהלִיכֶען פֶעהלֶער.

יָע, דוד הָאט דָאס גַאנְץ גוּט גֶעוואוּסְט אוּנ פֶערְשְׁטַאנֶען, זַיין גוּטֶער כַאַרַאקְטֶער הָאט אִיהם שׁוֹין נִיט אֵיין מָאהל גֶעמוּטְשֶׁעט אוֹיף דֶעם, וָואס עֶר זִינְדִיגְט אַזוֹיא שְׁמַארְק גֶעגֶען דֶעם אוּמְשׁוּלְדִיגֶען רֵיינֶעם יוסף—ן, "וָואס אִיז עֶר שׁוּלְדִיג? "וָוארוּם בִּין אִיךְ אִין כַּעַס אוֹיף אִיהם? אִיז נִיט אֵיין מָאל רוּהִיג גֶעפְלוֹיגֶען אוּנ זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען.

"עֶר וַוייס דָאךְ נִיט פוּן מַיין לִיבֶּע צוּ אִיהר —

האט ער זיך ווייטער איבער געגעבענט —

איך האב דאך איהם פון דעם ניט ערצײלט, היינט ווארום זאל ער ניט טארען ליבען, אזא שײנעס ווענען, אזא גוטען ענגעל? אין געגענטהייל זיא איז שולדיג, אונ אום זיבט רוף איך איהר גאר אן מיטען נאמען "גוטער ענגעל". זיא איז אפאלשע אפאדרע, איך וויים דאך אז זיא האט מיר פריער געליבט, אונ אם—ענדע לאזט זיך גאר אויס, אז דער ווארט "ליבע" איז גאר פרעמד פון איהר הארצען... אז אין איהרע אויגען ברענט גאר אפערדארבענער העסליכער פייער, ניט קיין וואהרעמקייט פון דיא וואהרע טרייהייט אונ איבער געגעבענהייט... טוא ווארום זאל איך צו ליב אזוי פאלש זיין אין כעס אויף מיין אום-שולדיגען בעסטען פריינד?

אט דיא אלע געדאנקען פלעגען אפט זעהר אפט בעזוכען אונזער דוד'ן, אפט זעהר אפט. פלעגען זייא איהם רייבען זיין רוה אונ איהם אריין ווארפען אין אשרעקליכע געוויסענס-ביססע, גאר דאס אלץ איז וויא מיטען רויך פערשוואונדען געווארען, ווען ער האט גאר ערזעהן, וויא גיטיל זיצט נאנט פון יוסף'ן, אונ לאכט עפעס אזויא פריילאך אונ קוקט אזוי פריינדליך, באמאלסט איז פון איהם פערפלויגען זיין געוויסענס ביססע, מיט דיא אלע ריכטיגע געדאנקען, זיין כעס האט ווייטער אנגעפאנגען צו בושעווען, אונ אין זיין הארצען האט זיך ווייטער אריין געכאפט דיא אומזיסטע פיינדשאפט.



**5.**

# גיעפּעגט דיא אויגען ·

וויא ערעקליך, וויא שעדליך, איז דאס דיא שלעכטע מידה פון "קנאה", ! וויא אפּיאוועקע זייגט אונ ציהט ארוים דיא קרעפּטען, פארשוואכט ... זיא דעם געזונד, רויבט דעם מוטה, אונ ווארפט אן אשרעקליכע, פינסטערע מעלאנכאליע.

אונ ווען צו דיא שענדליכע "קנאה, בעה עפט זיך נאך דיא "געוויססענס ביסע, דאמאלסט איז שוין דער קלאפּ גאר אונ-ערטרעגליך, דאמאלסט מוז זיך שוין ערגעבען, אויך דער שטארקסטער מוטהיגסטער העלד.

אונ אט דיא ביידע פּיאוועקעס צעזאממען, האבען זיך איצט — וויא מיר ווייסען שוין — איינגעטשעפּעט אין אונזער ארעמען פערליבטען דוד'ן.

אונ ווען איר ליבע לעזער וועט זיך ניט פוילען, וואלט איך אייך באטהען איהם אבצושטאטען איין וויזיט, אונ זיך ערקונדיגען וואס ער מאכט.

מיר געפינען איהם איצט — שפּעט אין דער נאכט אום גיפעהר 12 טע שעה. זיצענדיג איינעם אליין געבען איין אפּענעם פענסטער, — וועלכע געהט ארוים צום גאס, — היכסט פערטיפט אין זיינע געדאנקען.

גאט! וויא שרעקליך, וויא שלעכט ער זעהט אויס! וואו איז דאס דער זעלבער געזונדער קרעפּטיגער פרייליכער דוד!

ער איז אין דעם אוועגד אין ערגעץ ניט געגאנגען, ער

האט זיך ענטזאגט פון מיט צו גיין מיט יוסף'ן צו גיטלען דען ער האט געפיהלט אז עס רייסט אוועק זיין גאנצען געזונד, זעהענדיג וויא גיטיל פערברייננגט פריינדליך מיט יוסף'ן, אונ האט דארום מיט דעם אויסרייד דאס ער פיהלט זיך עפעס אונ וואהל זיך אב געשטעלט צו הויזע.

זיך אב שטעלענדיג אליין, האט ער וועסט פון אנפאנגט גענומען אבוך, אונ האט זיך בעשלאסטען פערברייננגען דעם נאוועגד מיט לעזען. ער האט אבער אין קיין פאל זיך ניט געקענט איבער געבען צום בוך, זיינע געדאנקען זיינען גאר איצט געוועזן, ווייט גאנץ ווייט פון לעזען, אונ האט דארום פערמאכענדיג דעם בוך זיך געזעצט ביין אפענעם פענסטער.

אויפ'ן גאס איז געוועזן איינער פון דיא שענסטע מאיאוועע אוועגדען, דער הימעל איז געוועזן בלאה, ריין, אום בעפלעקט, וויא אקעניגען האט זיך רוהיג ארום געשפאצירט דיא לבנה צעווישען מיריאדען פינקעלנדע שטערן, אווארעמער ערקוויקענדער ווינטעלע האט איהם געבלאזען גלייך אין געזיכט, אונ האט איהם עפעס וויא געשושקעט אין דיא אויערען, הערציילט סודות, געוועקט ביין הארצען...

דיא הארץ פון דעם יונגען פערליבטען דוד'ן, האט איצט שטארק זעהר שטארק געקלאפט, אויף איהם איז עפעס אן געפאלען וויא אמין זיסע מעלאנכאליע, אונ עס האט איהם וויא געצויגען, וויא געריסען, וויא געהייבען פון ארט...

אין זיינע געדאנקען זיינען איצט דורך געפלויגען דיא אלע ווערטער, דיא אלע פריינדליכע ליבע רייד, דיא אלע

טְרַייעֶ וַוארֶעמֶע בְּלִיקֶען, מִיט וֶועלְכֶע עֶס הָאט אִיהם בֶּעשַׁיינְקְט
זַיין לִיבֶּע גִיטֶעלֶע, פַאר זַיינֶע פַאנְטַאזְיֶע אוֹיגֶען הָאט זִיךְ
אִיצְט וִויא לֶעבֶּעדִיג פָארְגִישְׁטֶעלְט, דֶער בִּילְד וֶועלְכֶען עֶר
הָאט אִין אַיין אָוֶוענְד אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט אִין פַיינְבֶּערְגְס הוֹיז,
אָט, אָט, זֶעהט עֶר פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען יֶענֶעם אָוֶוענְד, אִין
וֶועלְכֶען עֶר אַיינֶער אַלַיין אִיז גֶעזֶעסֶען מִיט דִיא שֵׁיינֶע גִיטְלֶען,
קַיינֶער אִיז דַאמָאלְסְט נִיט גֶעוֶועזֶען אוֹיסֶער זַייא בֵּיידֶען, אוּנ
נָאךְ אַסַאךְ פְרַיינְדְלִיכֶע רֵייד, נָאךְ אַסַאךְ וַוארֶעמֶע בְּלִיקֶען,
אִיז גִיטִ'ל פְּלוּצְלִינְג אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען פוּן אָרְט, אִיז צוּ
גֶענַאנְגֶען צוּם פָארְטֶעפִּיַאן, אוּנ הָאט אָן גֶעפַאנְגֶען צוּ שְׁפִּילֶען
אַ אוּמֶעדִיגֶען, הֶערְצֶענְס רַייסֶענְדֶען רָאמַאנְס, זִיא הָאט
גֶעשְׁפִּילְט מִיט קוּנְסְט, מִיט גֶעפִיהל, דִיא סְטְרוּנְס הָאבֶּען
עֶפֶּעס וִויא גֶעבֶּעטֶען זִיךְ, וִויא גֶעוֵויינְט. אוּנְטֶער אִיהרֶע
הֶענְד, זִיא הָאט גֶעשְׁפִּילְט אוּנ הָאט דֶערְבַּייא אוֹיף אִיהם
גֶעקוּקְט אַזוֹיא וַוארֶעם אַזוֹיא טְרַייא אַזוֹיא לִיבְּלִיךְ, אַז עֶר
הָאט עֶפֶּעס דַאמָאלְסְט גֶעפִיהלְט וִויא אַיין אִיבֶּער עֶרְדֶעשֶׁעס
פֶּערְגֶענִיגֶען ... וִויא עֶר וָואלְט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין אַבֶּעסְסֶערֶע
שֶׁענֶערֶע וֶועלְט, אוּנ וִויא הָאט זִיךְ דָאס אִיהם דַאמָאלְסְט
גֶעוָואלְט פַאלֶען צוּ אִיהרֶע פִים, אוּנ אוֹיס שְׁרַייעֶן "גִיטֶל
אִיךְ לִיבֶּע דִיר, אִיךְ לִיבּ דִיר מִיט אַלֶע קְרֶעפְטֶען, מִיט
אַלֶע גֶעפִיהלֶען. נָאר עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט, עֶס הָאט אִיהם
עֶפֶּעס וִויא וֶוער אָבּ גֶעהַאלְטֶען ...

אָה! אָט דֶער אָוֶוענְד מָאלְט זִיךְ אִיצְט אוֹיס פַאר אִיהְם,
מִיט אַלֶע פַּאבֶּען, מִיט אַלֶע קָאלִירֶען, דֶער אָוֶוענְד צִיהט
אִיהם דִיא קְרֶעפְטֶען, זַייגְט אוּנ שְׁמָאקְצֶעט זַיין בְּלוּט ...

צוואָרום אָה וואָרום האָט זיא דאָס מיר אויף גיהערט צו ליבען ?

— מאַכט זיך אינערליך אַפּראַגע דער אָרעמער דוד וואָרום אָה וואָרום איז זיא דאָס אַזאַ פאַלשע , אַזאַ נידערטרעכטיגע ? אָה וואָרום איז זיא נאָך צו אידערע אַלע מעלות אויך ניט־קיין קיישעס אידישעס קינדער ?... פיר מינוטען , פיר גליקליכע זיסע מינוטען וואָלט זיא מיר דאָס געקענט שיינקען ... וואָס פאַר איין פריייע גליקליכע וועלט זיא האָט דאָס געקענט פאַר מיר מאַכען . . : אָה ! וואָרום , וואָרום , איז זיא דאָס אַזאַ פאַלשע ? וואָרום , וואָרום , פערברייננגט זיא דאָס איצט אויך אַזויא מיט יוסף'ן ?...

אַט דיא געדאַנקען מוטשען און מאַטערען איצטער דער אָרעמען אומגליקליכען ליבענדען , אַט דיא געדאַנקען האָבען איהם אַם ענדע אויף געהייבען פון זיין אָרט , און איז וויא צעמישט אַרום געלאָפען הין און צוריק איבערען צימער .

נאָר בין איך דען בעסער פאַר איהר ?

איז איהם פלוצלונג דורך געפלויגען אין זיינע געדאַנקען — האַנדעל איך דען אָרענטליכער פאַר איהר ? איך רוף איהר אָן ,פאַלדע' ,פאַלשע' און איך אַליין בין דען ניט ווערטה אָנגערופען צו ווערען מיט דיא זעלבע נעמען ? וואָרום בין איך אין כעס אויף יוספ'ן ? וואָרום זאָל איך זיין אַזאַ זינדיג געגען מיין בעסטען פריינד אויף דער וועלט ? וואָס איז ער שולדיג ווען ער ליבט איהר אויך ? טאָר ער דען ניט ליבען , ווייל איך ליב ? איך האָב דאָך

איהם פון מיין סוד ניט ערציילט, טוא וואס וויל איך איצט פון איהם:

אה גיטל גיטל.. אלץ אלץ האסט דוא פון מיר געראובט מיינע קרעפטען, מיין געזונד מיין מוטה, אונ אם ענדע ווילסטע נאך רויבען מיין געוויסען אויך. ווילסט מיר מאכען פאלש געגען מיין בעסטען אומשולדיגען יוסף׳ן.

נאר ניין! היינטיגעס אווינד מוז נעמען אענדע, איך מוז אב ווארטען יוסף׳ן, איך וועל זיך שוין ניט לייגען ביז וואנען ער וועט קומען, אונ איך וועל פאר איהם אוים ערציילען מיין גאנצע הארץ, איך וועל קיין זאך פון איהם ניט פערלייקענען, אונ וועל איהם בעטען פערצייהונג, אונ ער וועט מיר געווים דאס טאן, דען ער ליבט דאך אויך, אונ ווייס אלזא וויא שווער עס ליידעט די האפענונגס-לאזע ליבענדע הארץ...:

נאך דעם געדאנק האט זיך דוד עטוואס בערוהיגט, אונ האט זיך ווייטער אוועק געזעצט נעבען אפענעם פענסטער, אונ האט מיט אום געדולד ערווארטעט יוסף׳ס קומען.

נאר איהם איז קיין סאך ניט אוים געקומען צו ווארטען. דען עס איז נאך ניט:.. פערלאפין קיין צעהן מינוט אלס דוד האט זיך אביסיל בערוהיגט, וויא די טיר פון צימער האט זיך גיעפינט, אונ יוסף איז אריין געקומען, מיט אפריילכע געזיכט, אונ ערזעהענדיג וויא

דוד זיצט נעבען אפענעם פענסטער, אונ קוקט אום־בעוועגט, אויף די געהענגטע לבנה, האט ער פריילאך אוים געשריען.

„וואס האסטע זיך דאס אזוי פערטראכט, דוד? דוא מוזט געווים איצט פהילאזאפירען צו די לבנה מיט די שטערין זיינען אויך אזעלכע ערדין וויא אונזערע צו ניט? איך האב געטראפען דוד" זאג. וואס שווייגסטע?

דוד האט זיך וויא ערשראקין אויף געהייבען פון זיין ארט, ער האט איינינע מינוטען בעטראכט זיין פריינדס פריילינע געזיכט... אונ האט שטיל גערעדט...

„זעץ זיך יוסף אוועק, אונ הער מיר אוים וואס איך וועל מיט דיר ריידין. דען איך האב אום מישנע זיך ניט געלייגט שלאפין, אונ האב אב געווארט דיין קומען, ווייל איך האב דיר עפעס וויכטיגעס מיט צו טהיילען".

ערשט איצט האט יוסף ערזעהן וויא פערענדערט דוד איז געווארין. אין דעם אווענד, דערצו נאך האט זיך איהם גלייך געווארפין אין די אויגען, דער שטילער אומעדיגער טאן, מיט וועלכין דוד האט גערעדט, אונ יוסף'ס פריילכקייט, איז גלייך אראב פון געזיכט, אונ זיך זעצענדיג נאהנט פון זיין פריינד, האט ער וויא ערשראקין געפרעגט.

„וואס איז דאס מיט דיר דוד? ביזטע פילייכט עפעס ניט געזונד? דען דוא זעהסט זעהר שלעכט אוים.

אָנְשְׁטָאט אַ עֶנְטְפֶער, הָאט זִיךְ דוד בֶּעגָאסֶען מִיט טְרֶערֶען...

„דוד דֶערְצֵייל מִיר וָואס אִיז גֶעשֶׁעהְן״? — הָאט יוסף מִיט שְׁרֶעקֶען אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן.

„וָואס שְׁוַוייגְסְטֶע, מוּטְשֶׁע מִיר נִיט, פִילַייכְט הָאסְטֶע עֶרְהַאלְטִין עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטֶע נַאכְרִיכְטֶע פוּן צוּ הוֹיזֶע׳.

„יוסף אָה מְהֵייעֶרְסְטֶער גוּטֶער יוסף״! — הָאט אַם עֶנְדֶע דוד אוּנְטֶער טְרֶערֶען אָנְגֶעפַאנְגֶען.

„יוסף שְׁרֶעק זִיךְ נִיט פַאר מִיר, דֶען אִיךְ בִּין גָאר נִיט ווערְטְה אַז דוּא זָאלְסְט זִיךְ וֶוענֶען מִיר בֶּעזָארְגֶען, אִיךְ בִּין אַפָּאדְלֶער אַפַּאלְשֶׁער, אִיךְ בִּין אַחַארַאקְטֶערְלָאזֶער...

„אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה דִיר נִיט דוד, וָואס אִיז דָאס פַאר אַ וָוערְטֶער, רֵייד דֶער צֵייל דַייטְלִיךְ וָואס אִיז דָאס מִיט דִיר.

„אִיךְ זָאג דִיר דָאךְ יוסף״ — הָאט דוד שוֹין עֶטְוָואס רוּהִיגֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — „אִיךְ זָאג דִיר דָאךְ דַאכְט זִיךְ, אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ שְׁטַארְק פֶערְזִינְדִיגְט גֶעגֶען דִיר׳.

„גֶעגֶען מִיר! מִיט וָואס׳?

„מִיט דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר פֶערְהַאסְט, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְרָאגֶען אוֹיף דִיר אַיין אוּמְזִיסְטֶען כַּעַס.

אוּנ דוד הָאט אִיהם עֶרְצֵיילְט וָואס מִיר וֵוייסֶען שוֹין.

„אִיךְ הָאבּ אָבֶער גְלַייךְ פֶערְשְׁטַאנֶען׳ — הָאט יוסף אָנְגֶעפַאנְגֶען אוֹיס הָערֶענְדִיג דוד׳ס רֵייד — „אַז דוּא בִּיסְט שוֹין צוּ מִיר נִיט, וִויא גֶעוֶועןן, אִיךְ הָאבּ נָאךְ פְרִיעֶר גֶעזָאגְט, אַז דִיא צֵייט וֶועט מִיר אַלְץ עֶרְקְלֶערִין, אוּנ עֶס

הָאט זִיךְ טַאקֶע אוים גֶעלָאזֶען אויף מַייִנֶע רֵייד , נָאר אִיךְ פֶערְצַייהֶע דִיר בֶּעסְטֶער דוד , דֶען אִיךְ זֶעה דָאךְ , אַז דַיין הַארְץ אִיז פָֿארְט אַרֵיינֶע , אַז דוּא הָאסְט זִיךְ אַם עֶנְדֶע אַרוּם גֶעזֶעהְן , אַז דוּא בְּלָאנְדְשֶׁוֶעסְט , נָאר דָאס מוּז אִיךְ דִיר זָאגֶען , אַז דוּא הָאסְט גֶעהַאט אַגְרוֹיסֶען טָעוּת מַיין דוד , אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעלִיעבְּט , אוּנ וֶועל אִין מַיין לֶעבֶּען נִיט לִיעבֶּען אַזַא זָארְט גִיטלֶען״ . . .

„וָואס רֶעדְסְטֶע יוסף ! לִיבְּסְטֶע דֶען טַאקֶע אִיהר נִיט ?״

„אויף דֶעם הָאסְטֶע מַיין עֶהרֶען וָוארְט״ .

„אוּנ זִיא דִיר לִיבְּט יֶע״ ?

„נֵיין״ .

„דוּא לַאכְסְט פוּן מִיר יוסף , צוּ וָואס ?״ — הָאט דוד זִיךְ אויף הֵייבֶּענְדִיג פוּן אָרְט וִויא מִיט פֶערְדְרוּס גֶערֶעט — „וָואס הֵייסְט זִיא לִיבְּט דִיר נִיט ? אִיז דֶען נִיט אָן גֶעשְׁרִיבִּין אויף אִיהרֶע אוֹיגֶען , אִיהר שְׁטַארְקֶע לִיבֶּע ? זֶעהְט מֶען דֶען נִיט אויף אִיהר גֶעזִיכְט , אַז זִיא אִיז דִיר אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען מִיט לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען ?״

„אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה דִיר נִיט דוד׳ — הָאט יוסף מִיט וואונדֶער בֶּעטְרַאכְט זַיין יוּגֶענְד פְרַיינְד — „הָאבּ קֵיין פֶערְדְרוּס נִיט , דוּא בִּיסְט דָאךְ שׁוֹין עֶפֶּעס וִויא מִיא רֶעט , גָאר אוֹיס גֶעוֶועבְּט גֶעוָוארֶען דוּא פֶערְשְׁטֶעהְסְט דָאךְ שׁוֹין גָאר נִיט , וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אַרוּם דִיר , הָאסְטֶע מִיר דֶען אַלֵיין נִיט עֶרְצֵיילְט אַז אויף דִיר הָאט זִיא אויךְ גֶעקוּקְט , מִיט אַזֶעלְכֶע אוֹיגֶען וִויא אויף מִיר ? אָדֶער הָאסְטֶע דֶען גִיט

בָּעמֶערְקְט אַז מִיט דִיא זֶעלְבֶּע בְּלִיקֶען קוּקְט זִיא אוֹיף אַלֶעמֶען פֶּערְשְׁטֶעהְסְטֶע דֶען דָאס טַאקֶע נִיט וָואס פַאר אַמִ'ן עֶנָאִיסְטְקֶע דִיא גִיטֶ'ל אִיז ? דַאכְט זִיךְ אַז אַבְּלִינְדֶער אֲפִילוּ דַארְף אוֹיךְ בֶּעמֶערְקֶען אִיהְרֶע פָאדְלֶע גֵיינְג . . . נָאר וֶוען דוּא הָאסְט דָאס טַאקֶע נִיט בֶּעמֶערְקְט , נֶעם אִיךְ זִיךְ אוּנְטֶער , דִיר דָאס פַאקְטִישׁ צוּ בֶּעוַוייזֶען . אַז טַאקֶע מָארְגִין קֶענֶען מִיר אִיהר מַאכֶען אַיין וִויזִיט , אוּנ דַיינֶע אוֹיגֶען וֶועלֶען שׁוֹין דַאכְט זִיךְ אָפֶען וֶוערֶען , אוּנ נִיט נָאר לִיבֶּען וֶועסְטֶע אִיהר , נָאר נָאךְ מֶעהר , דוּא וֶועסְט אִיהר פֶערְהַאסֶען , וִויא זִיא אִיז וֶוערְטְה . וִויא זִיא הָאט דָאס רֵיין פֶּערְדִינְט , נָאר עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט דוּד , שׁוֹין צַייט זִיךְ אָבּ צוּרוּהֶען , אִיךְ זֶעה אַז דַיינֶע אוֹיגֶען פֶערְמַאכִין זִיךְ שׁוֹין אוֹיךְ .

יָע מִיר וִוילְט זִיךְ שׁוֹין טַאקֶע שְׁלָאפֶען . הָאט דוּד וִויא פֶערטְרַאכְט גֶעעֶנְטְפֶערְט .

אוּנ טַאקֶע אִין גִיכֶען הָאט זִיךְ אִין צִימֶער גֶיהֶערְט דֶער אַטְהֶעם צִיהוּנְג , פוּן דִיא בֵּיידֶע וַואהְרֶע יוּגֶענְד פְרַיינְדֶע .

שׁוֹין לַאנְג הָאט שׁוֹין דוּד נִיט גֶעשְׁלָאפֶען אַזוֹא רוּהִיג וִויא דִיא נַאכְט . . .



# דיא וועלט האט זיך איבער געקערט.

אמאנהייט צייט איז פערלאפען, פון דער צייט וואס מיר האבען געהערט דעם לעצטען געשפרעך, צווישען דיא ביידע יוגענד פריינדע, מיר זעהן זייא איצט איבערמאלס זיצענדיג שפעט אין דער נאכט, און ריידען זעהר פריינדליך פאלגענדעס.

„נוא וואס זאגסטו דוד, האב איך געהאט רעכט מיט מיין מיינונג וועגען גיטלען?"

„איך האב דאך דיר שוין לאנג געזאגט יוסף, אז מיר וואונדערט זעהר, וויא איך האב דאס פריער ניט בעמערקט, דאס זעלבע וויא דוא.

„אבער דאנק מיר האטש דוד, וואס איך האב דיר גערעטעט, פון אזא מין קאקעטקע, יא? וויא זאגסטע? זיא קען גאר דיא וועלט אום קערען אין אנוואהרען גן עדן, הייראטהע דיג מיט איהר..."

„פאר דעם איז צו ווינציג אדאנק" — האט דוד געלאכט אן געמענדיג און שטארק דריקענדיג יוספס האנד, — פערלאנג עפעס וואס מעהר".

„נוא אויב אזויא. — האט אויך יוסף געלאכט — פערלאנג איך אז דוא זאלסט שוין ווייטער זיין פראקטישער, בערעכענטער".

און אויב דאָס וועט זיין דיין פערגעניגענד" – האָט דוד שוין ערענסט געזאָגט – „זאג איך דיר צו, אַז דיין וואונש וועט פינקטליך ערפילט ווערען.

ביי דיא ביידע יוגענד פריינדע, האָט אָן געטראָטען אַקורצע שטילע, יעדערער פון זייא, האָט וויא עס ווייזט אויס, זיך איבער געגעבען צו זיינע געדאַנקען.

„דוא האָסט געכטען אָוועגד פערבראַכט ביי פיינבערגען? האָט יוסף זיך ווייטער געווענדעט צו דודן.

„איך בין דאָרטען געכטען געוועזען, און איך זאג דיר יוסף אַז עס איז גאָר ניט צו ערקענען, דיא זעלבע גיטלען, זיא איז עפּעס אַלץ פערטראַכט און אומעדיג, איך ווייס גאָר ניט, וואָס דאָס קען בעדייטען.

„עדוא פעטוך" – האָט יוסף געלאַכט – וואָס איז דאָס ניט צו פערשטעהן? זיא טראַכט געוויס וועגין דעם, וואָס מיר האָבען אויף געהערט, צו זיין אָפטע איינגעהער אין זייער הויז, און נאָך מעהר וועגען דעם, וואָס דוא דוד בעהאַנדעלסט איהר איצט אַזויא קאַלט און גלייך-גילטיג" . . .

„אָבער וואָס האַרט דאָס איהר? וואָס קען איהר דאָס אינטערעסירען?

דוא האָסט דאָך מיר אַליין ערקלערט, – און איך האָב זיך דאָך שוין אויך ערקונדיגט אין דעם – דאָס זיא ליבט קיינעם ניט, דאָס דער געפיהל, איז ווייט פון

איהר הַארצֶען, טוּא וָוארוּם זָאל זִיא זִיךְ בֶּעזָארגִין וֶועגֶען מַיין קַאלְטְקַייט ?

„אָט דַארוּם, וַוייל אַז מֶען זָאל אִיהר לִיבֶּען, פֶּערלַאנְגְט זִיא דָאךְ יֶע, אוּנ זֶעלְבְּסְט פֶּערְשְׁטֶענְדְלִיךְ, אַז דַיין פְּלֶעצְלִיכֶע קַאלְטְקַייט, — נָאךְ דֶעם וָואס זִיא אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען זִיכֶער אִין דִיא לִיבֶּע - דַארְף אִיהר גֶעוִויס אִינְטֶערֶעסִירֶען...

„עֶס קֶען זַיין אַז דוּא הָאסְט רֶעכְט יוסף.

„נִיט עֶס קֶען זַיין" נָאר עֶס אִיז גֶעוִויס אַזוֹא, דֶען יֶעדֶער פְּרַאקְטִישֶׁער מֶענְשׁ, קֶען דָאס גְלַייךְ אִיבֶּער לֶעזִין אוֹיף אִיהר גֶעזִיכְט.

יֶע לִיבֶּע לֶעזֶער, יוסף הָאט רִיכְטִיג גֶעאוּרְטְהֵיילְט, נִיט ל הָאט אִיצְט זִיךְ טַאקֶע שְׁטַארְק אִינְטֶערֶעסִירְט, וֶועגֶען דֶעם וָואס דִיא בֵּיידֶע יוּנְגֶע פְּרַיינְדֶע, דוד מִיט יוסף'ן הָאבֶּען אוֹיף גֶעהֶערְט אַזוֹא אָפְט אַיין צוּ גֵיין אִין זֵייעֶר הוֹיז. — וִויא דִיא בֵּיידֶע יוּנְגֶע פְּרַיינְדֶע הָאבִּין זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען, נָאךְ דֶעם אַז דוד הָאט זִיךְ עֶרְקוּנְדִיגְט אִין זַיין אִירְטְהוּם — אוּנ נָאךְ מֶעהְר הָאט זִיא נָאר נִיט גֶעקֶענְט פֶּערְשְׁטֶעהְן דִיא אוּרְזַאכֶע, וָואס דוד וֶועלְכֶער הָאט אִיהר אָבְּוָואהל זִיךְ נִיט עֶרְקְלֶערְט אִין לִיבֶּע, נָאר דָאךְ הָאבֶּען אַלֶע זַיינֶע בֶּעהַאנְדְלוּנְגֶען, אִיהר דַייטְלִיךְ בֶּעוִויזֶען וָואס בַּייא אִיהם אִין הַארְצֶען קוּמְט פָאר, אוּנ אַם עֶנְדֶע רֶעדְט עֶר אִיצְט עֶפֶּעס אַזוֹא קַאלְט, אַזוֹא גְלַייךְ גִילְטִיג, „פַאר וָואס" ? „וָוארוּם" ? — פְלֶעגְט זִיא זִיךְ אָפְט אַלֵיין

פְרֶעגֶען , — בִּין אִיךְ דֶען מִיאוּסֶער גֶעוָוארִין ? דַאכְט זִיךְ דִיא שְׁפִּיגֶעל בֶּעוַוייזְט דָאס מִיר נִיט אָפְּטֶער וְויא אַלֶע מָאהל , הָאט זִיךְ אִיצְט גִיטל גֶעזֶעהְן מִיטִין שְׁפִּיגֶעל ... אָפְּטֶער וְויא אַלֶע מָאהל , הָאט זִיא אָנגֶעפַאנְגֶען צוּ בַּייטִין אִיהרֶע קְלֵיידֶער . אָפְּטֶער וְויא אַלֶע מָאל , הָאבֶען זִיךְ אִיצְט אִיהרֶע בְּלִיקֶען אָבּ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף יוֹספ'ן מִיט דוד'ן ... וְויא אוּם בֶּעשְׁרַייבְּלִיךְ , פְלֶעגְט זַיין אִיהרֶע שְׁמֶערְצֶען , בֶּעמֶערְקֶענְדִיג דָאס דִיא אַלֶע מִיטֶלֶען וְוירְקֶען נִיט דָאס עֶס אִיז אוּם זִיסְט אִיהרֶע אַלֶע מִיהֶע .

אִפְּט , נָאר אָפְּט , הָאט גִיטל זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ פֶערְטְרַאכְטֶען , אָפְּט זֶעהְר אָפְּט , הָאבֶּען זִיךְ פוּן אִיהר הַארְצֶען אַרוֹיס גֶערִיסֶען טִיפֶע שְׁוֶוערֶע זִיפְצֶען , אוּנ נָאךְ אָפְּטֶער הָאט מֶען גֶעקֶענְט הֶערֶען פוּן אִיהר דִיא וָוערְטֶער .

דִיא וָועלְט הָאט זִיךְ אִיבֶּער גֶעקֶערְט ...

# עֶנְדֶע



דיא וועלט

